ל. קופערשמיד

# אין לעבן פארליבט

פארלאג * יידיש בוך *

ל. קופערשמיד

# אין לעבן פארליבט




פארלאג „יידיש בוך" ווארשע 1955

L. KUPERSZMID

# UMIŁOWANIE ŻYCIA

Redaktor: B. HELLER
רעדאקטאָר: ב. העלער

Okładkę projektował: I. REJZMAN
הילע געצייכנט: י. רייזמאַן

*Printed in Poland*

Wydawnictwo „Idisz Buch“ Warszawa, Nowogrodzka 5

Nr zam. 3583. Nakład 5.500 egz. Druk ukończono w kwietniu 1955 r. Ark. druk. 3,75, ark. wydawn. 2. Papier druk. mat. V kl. 70 g. 61 x 66.
Druk RSW. „Prasa“ Warszawa, Tarczyńska 8. B-6-50630.

## די זון — אונדזער פֿאַרמעגן

מיט אָפּגעבריטע פֿינגער מיר ציִען אַרויס אונדזער ליכטיקן פֿאַרמעגן —
די זון — פֿון רויך און סאַזשע־געדיכטעניש אַ צוגעשאָטענע,
ווי פֿאַסטעכער פֿאַר זייערע קינדערס וועגן
ציִען פֿון פֿעלד־שײַטער אַ קאַרטאָפֿל אָפּגעבראָטענע.
די פֿונקען אַרויסגעשפּרינגענע פֿון אונדזער הײמיש פֿײַער
זענען זריעה־קערנער, וואָס וועלן איבער נאַכט געדײַען
און אויפֿגיין מיט ווײַסער פֿרייד, שטויביק העל —
מיט מאַרגן־ליכט — פֿון צעמאָלן ווייצן־מעל.

# די ווייסע טויב

אונדזער ווייסע טויב שוועבט ארויס
פון אן איינגעשטילטן מבול;
פון די מוטנע שטראָמען סטאַרטשעט די בלאָע פויסט
און דער פאַרגלאָזטער בליק פון דעם דערטרונקענעם מחבל.
דער טויבס שנאָבעלע איז זוניק
און די פעדערלעך — לבנהדיק־ווייס.
זי ברענגט אונדז אַ גרוס פון בליענדיקער יבשה,
פון פעלדער מיט תבואהדיקן פלייץ;
זי וואַרקעט מיט מאָנענדיקער בקשה
און מיט באַפעל.

דער טאָג איז אַ ווייסער בויגן מיט אַ שלום־אפעל.

זי רייסט פון זיך די ווייסע פעדערלעך,
און פון די ריסן רינען טראָפּנס, רויט ווי צונטער.
מיר טינקען אין די טראָפּנס איין די פעדערן
און שרייבן אונטער,
און אונדזערע אונטערשריפטן
נעמען זיך מיט דינער ראַזיקייט פאַרציען.
די ווייסע טויב הייבט אויף זיך אינדערלופטן —
עס וואַרט די ערד־קויל אויף אירע בשורהדיקע איבערפליען.

# צען יאָר

ווי לאַנג איז אַ יאָר צען אינעם גאַנג פון דער צייט? —
אַ פינצטערע נאַכט האָט מיט דער ערד אונדז צעשיידט,
אויף יעדער צווייג אין אונדזערע היימישע וועלדער
איז געוואַקסן אַ פּעטליע פאַר קינדערישע העלדזער,
ס'האָבן די טייכן געברענט פון אונדזער בלוטיקן רויט,
ס'האָבן טעג אונדז געוועקט: מאַכט גרייט זיך צום טויט!
אויף אונדז האָבן זיך שליאַכן און שטעגן פאַרשווירן,
אַלע וואַרעמקייטן זענען אויף אונדזערע הייטן פאַרפרוירן,
אַלע כמאַרעס האָבן מיט האַגלען אונדזערע געזיכטער געשלאָגן,
אונטערערדן האָבן אונדז — אַ מתנה — דעם רוצח אַנטקעגנגעטראָגן,
די ווינטן האָבן אויף אונדז מיט גיפטן געזאָטן
און מיט בראַנדיקן זאַלץ־שטויב די אויגן פאַרשאָטן.
ביז אַ פלייץ האָט געטאָן אַ זון־שטויב געדיכטער,
אָנגעקוואָלן פון געזאַנג און מאַגנעטישע ליכטער,
און פון ווערעם אָפּגערייניקט די פּוילישע וועגן —
און ווידער האָבן מיר מיט דער מאַמע־ערד זיך באַגעגנט.

## די שטאָל-שווייסערין

פון ליכט, וואָס שטראָמט פון מיידל מיט די בליצנדיקע ציינער, —
אין דער פאַרבלענדונג כ׳וועל מיין אייגן ליד נישט קאָנען לייענען.
אין אַלטע ביכלעך בלויז די קינדער פלעגן זיך פאַרגינען
צו שפּילן זיך מיט באַלעמלעך פון פלאַקערדיקע זונען,
אַ שעלמישקייט וואָס איז אַזוי פיל ליכטיקייט פאַרשווענדן
אין אונדזער וואָר צונויפגליווערן מיט דער לעגענדע!

עס וועט די שוואַרצע מאַסקע, וואָס פאַרשטעלט איצט איר געזיכט,
מיך נישט באַשירעמען פון איר אויפריימערישן ליכט.

# איינער אַ יידישער דיכטער פֿון פּוילן

ער שוועבט צווישן נעכטיקן ווי און מאָרגן-עקסטאַז,
ער שוועבט צווישן היינטיקער ליבשאַפֿט און נעכטיקן האַס.
אינמיטן הער נאַכט פֿינקלען אַלץ נאָך די מעסער-קאַשמאַרן;
ביי טאָג לאַקט די קינדערשע פֿרייד אויף די פֿרילינג-בלוהאָרן;
אינמיטן דעם שלווהדיק-אייליקן רויש פֿון מאַשינען —
ער איז ווי אַ קינד פֿון אַ שבט צעזונגענע בינען,
וואָס האָט אין די פֿלאַמען זיין אייגענעם בינשטאָק פֿאַרלוירן.
נאָר אים האָבן ביימער און גראָזן און בלומען באַשווירן,
אַז זיי וועלן אים פֿאַר זיין לעבן קיין טעקמאַר נישט שענקען.
אויב ער וועט נישט וועלן אין זייערע דופֿטן געדענקען.
די רויז איז שוין גרייט איבער אים אירע בלעטלעך פֿאַרהויבן
און זייַנע צעפֿיבערטע פֿליגל מיט זאַמען באַשטויבן.

# די ליבשאַפֿט

די ליבשאַפֿט װעט נישט לאָזן זיך פֿאַרשפּאַרן הינטער קראַטן,
כּדי די שװאַכקײט זאָל װאָס גיכער זי געפֿינען.
האָט פּנים בלוטיקט, נאָר ס'װעט דער טרױם זי נישט פֿאַראַטן,
װי אונדז פֿאַראַטן מער שױן נישט די פֿרילינגדיקע זונען.

פֿון אירע הענט מיר נעמען איצט אַראָפּ די פֿאַנג־קײט,
אַז זי זאָל שמײכלען צו אונדז יונג און קלאָר.
אַז נישט באַגלײטן זאָל דער האָס זי, װי אַ טיפֿוס־קראַנקײט
באַגלײט אַן אױסגעמאַטערטע הונגער־יאָר.

# פרילינג-טענץ אויפן קאָנסטיטוציע-פּלאַץ

וועגן בלי פון רויטע רויזן טרוימען שוין די סקווערן,
און ביימער גרייטן זיך צום פלאַטער מיט פרילינגדיקע בלעטער.
ווי מיט בלומען-שטויב, שיטן אָפּ די צווייגיקע לאַמטערן
מיט זייער ליכט דאָס ייִנגוואַרג אויפן גאַס אין אָוונט-שעה און שפּעטער.

יעדעס מיידל — אַן אויפגעוואַקסטע נאָך אַ שטורעם, אַן איינגעשפּאַרטע פלאַנץ,
און אַלע לעבעדיקע פלאַנצן — אַ רוישנדיקער סאָד.
די פּוילישע מדינה, אַן אויפגעבליטע, אַ יוגנטלעכע, טאַנצט
אין מיטן גאַס פון וואַרשע — דער יום-טובדיקער שטאָט.

יעדעס פּייערל פון אַ בליק— אַ זון-קוערנדל צעהעלט,
און אַרום די קעפּ ליכט-רינגען מיט ציטער-נאָדלדיקע שטראַלן.
יעדעס מיידל — אַ קומענדיקע מאַמע פון אַ העלד,
אַ דיכטער, אַ קאָרן-שניטער, אַ בויער פון קוואַרטאַלן.

די וועבערינס און זאַנגען-קלויבערינס, אַריינגעגלידערט אין די ווענט דאָ,
די פאַרשטיינערטקייט פון זיך זיי גיבן הײשלאָז אַ צעריים,
און ווי אין האַלבטרוים — זיי גייען פון די פּאָסטאַמענטן
און שליסן זיך אַריין אין טאַנצנדיקן קרייז.

און באַלד נאָך זיי עס נידערן אַראָפּ פון די בעטאָנען
די יונגע פויערים מיט די קאָבוס, די מעטאַליכטן מיט די צוואַנגען.
די מוזיק-אַקאָרדן פון די פליייטן און אַקאָרדעאָנען
נעמען מיט און פלי די יונגלערישע מודות און יונגפרוילעכע פאַרלאַנגען.

מיט אונדזער פרייד מיר הילן זיי אַרום פון שטייענדיקע פאַנצערס
און נעמען זיי אַריין אין זיך אין פרילינג-קאַראַהאָד. —
די דערפלעך פוילישע, די יום-טובדיקע שטעטלעך טאַנצן
אין מיטן גאַס פון וואַרשע — דער יונגטלעכער שטאָט.

# די יונגע וועבערין

בלינד איז דער מענטש, וואָס זיין בליק נישט באַמערקט
די וואַרעמע שיינקייט פון דיין בישופדיק ווערק.

פון פרידלעכע פעלדער, ווייטע און נאָנטע,
אַהער זיך פאַרשנירלען די מיטנטאָג-שטראַלן
און אין דעם זילבערנעם פעדעם-געפלאָנטער
מיט ציטער געהאָרכזאַם צו די פים דיינע פאַלן.

זיי ציטערן אויף אין דעם בליק דיינעם צאַרטן
און גאַרן דיין ליכטיקע האַנט זאָל זיי גלעטן.
דאָס שיפעלע לויפט מיט אָן אָטעם פאַרשפּאַרטן
און וועבט דיין שמייכל אַריין אין די קעטן.

די קעטן און שוסן — אָן אָנהייב, און סופן —
דיין יוגנט זיי העפטן אַריין אין די שטאָפן.

אין ליכט-פליץ און אינעם מאַשינען-געזשומען
געוועבן צעבליען מיט טויבן און בלומען.

די בלימעלעך וועלן נישט אויפהערן בליען,
די טייבעלעך וועלן נישט אויפהערן פליען.

די פייגל און בלומען פון דיינע געוועבן —
זיי צינדן דעם הערשט און די ליבשאַפט צום לעבן.

# פלעמלעך אין ווארשעווער פענצטער ביינאכט

צימער־פלעמלעך צעהאנגען איבער דער הויפט־שטאט אין דער נאכט —
ווער האט אייך פונעם חושך אויסגעגראבן און אין די פענצטער
צוריקגעבראכט?
אין טעג פון אומגליק האט אייער ליכט פארשטאכן זיך אין מיינע טרערן
און פארשלייפט זיך ארום מיין האלדז — דערשטיקט צו ווערן.
די הויכן האבן פון די מערדערס מיילער זיגעריש ארויסגעלאכט,
ווען איך בין ארויס — א לויפנדיקע האלעוועשקע אין דער נאכט.
אין מיינע פונקען־קנאספן האבן געטליעט די טרוימען פון דיינע שווארץ־
פארקוילטע שטובן;
די אונטערוויינטן האבן מיינע צונגען־פלאמען צוריק צו דיינע פינצטערנישן
צוריקגעטריבן.
ארומגעוויקלט מיט א פעלערין פון האס כ'בין אומגעפאלן מיטן קאפ אויף
א שארף־קאנט פון א שטיין,
און די חושים גוססע האבן איבערגעריסן זייער שייכות צום אייגענעם
געוויין.
נאר אין האלדז האבן אלץ געקרעלט נאך די עסנדיקע רויך־קנוילן
פון דיינע שרפות, ווארשע מיין, — דו נערוון־קנופ פון פוילן.
איין רגע נאך — און כ'וועל ווערן פון אטעמען פון אלע אפגעשניטן.
און דא זענען רויטע רייטער מיין שוואכן גוף פארבייגעריטן;
די פונקען, וואס האבן פון פאדקאוועס פון זייערע פערד אפגעשלאגן,
האבן אין בליץ־שליחות קיין ווארשע זיך אוועקגעטראגן.
די מונדירן פון די רייטער, באשפרענקלטע מיט גאלד פון זייערע דערפערס
שטובן,
אין זינגענדיקן לויף זיי האבן מיך פון טויטן אומאמאכט אויפגעהויבן.
געזונגען האבן זיי, ווען זייער בלוט האט פוילנס שליאכן אפגעפארבן,
א זעלנער האט מיט איין האנט זיין וואונד צוגעהאלטן און מיט דער צוויי־
טער — נישט געלאזט מיך שטארבן.
זיי האבן מיט ליד פארזייט פוילנס אקער־בייטן און מיט ליד געלעשן
זייערע גליענדיקע ווייצן,
און זינגענדיק — געפאלן זענען זיי אויף פוילנס אויפגעריסענע שאסייען.

* * *

רויטע ציטער־פונקען צעהאנגען איבער ווארשע אין דער נאכט —
רויטע רייטער האבן דאס ליכט אין די פענצטער צוריקגעבראכט.

# מיין גאָלדענער פּוילישער האַרבסט

איך שטרעק אויס צו דער זון
מיין פיבערדיק פּנים דאָס בלייכע,
ווועל איך אַמאָל צו דיין שיינקייט
מיט מיינע אָרעמע לידער דערגרייכן?

דו שוועבסט אָפּ פון מיר
אין די טיפן די בלויע אַלץ העכער,
און ווינטיקסט אַריין אין געזיכט מיר
מיט דיין קילן צערטלעכן פעכער,
דו רייצסט און דו שמייכלסט,
דו פאַרכישופסט און נאַרסט —
מיין גאָלדענער, ליכטיקער פּוילישער האַרבסט.

כ'האָב אַמאָל אין קינדישע האַרבסטן געטרוימט:
כ'וועל זיין אַ גאָלדענע בלאַט אויף אַ בוים,
און פאַרטאָג כ'וועל פיבערן, ווען די ווינטעלעך וויינען,
און וויאַנען מיט אַלענקע בלעטלעך אינייניעם.

מיין טאַטע האָט געוועקט מיך
אין די האַרבסט-טעג צו „שלוש עשרי מידות",
נאָר איך האָב געפּליסטערט קאָרפּיאַווער לידער.
כ'בין נאָר וואָס געקומען פון אַ פּויערים-הוליאַנקע,
זו כ'האָב פאַרן פּויערישן מיידל די שלאַנקע
געפּליסטערט אַ תפילה מיט פאַרשטיינערטע פויסטן.
אוי, ווי איך האָב דעמלט שטאַרבן געוואָלט,
און רוען אין קבר פון בלעטלעך פון האַרבסטיקן גאָלד.
נאָר דו האָסט מיר שטאַרבן געשטערט:
— פאַר דיר זענען האַרבסטן אַ סך נאָך באַשערט,
און אַנטוישונג און ליבשאַפט און פרייד און פּיין,
נאָך דיר וואָלט אַ שטעטל מיט ווייטיק געוויינט,
ווען דו אין דיין זוניקער פּריליטונג-צייט שטאַרבסט.

מיין ליכטיקער, גאָלדענער פּוילישער האַרבסט.

# מענטשלעכע רעכטן

מיט העכטן און פליכטן אויף מי און אויף רו —
מיר זינגען אַ ליד אייך, און איר העלפט אונדז צו.
דאָס ליד איז דער אוצר פון גרויס און פון קליין —
מיר זינגען דעם סטראָף און איר — דעם רעפריין.

מיר — וועבער און בויער און שמידן און נייער,
פאַר וועמען דאָס לעבן איז הייליק און טייער, —
דאָס האָבן זיך דורות פון העלדן געמוטט
פאַר אונדזערע רעכטן אויף פרייהייט און ליד.

אַנטקעגן די שפּיזן געשטרעקט זייער ברוסט.
פון אָפּרו זיי האָבן נישט קיינמאָל געוווּסט,
ביזן טראָפּן דעם לעצטן דאָס בלוט אָפּגעגעבן
פאַר פליכטן און רעכטן אויף שאַפונג, אויף לעבן.

די העלדזער געשטרעקט אינעם יוגנט־צעבלי
פאַר פוילן פון ליבשאַפט, פון אָפּרו און מי.
אין תפיסות אַוועק פון די היימישע שטיבער,
אַז ווערן זאָל ס׳לעבן אונדז היימלעכער, ליבער.

דורך אַלע פאַרגעסונגען און פֿרידלעך־שטיפֿערישע סטראָפֿן,
ווי דורך אַ לעבעדיקן חנאַ,
קרעלט וואַלץ־שטויביק אין דער קעל מיין יזכור־ניגון;
ווען מיינס אַ משפּחה־קינד האָט אין האַלבער נאַכט דערפֿילט,
אַז טאַטע־מאַמע איז אין אַלקערל נישטאָ,
האָט עס געוואָרפֿן זיך אין וויגל
מיט אויגן אָפֿן,
און בשום אופֿן נישט געקאָנט איינשלאָפֿן.
אין גראָער זקנה־צייט,
ווען לעבנס זענען אויסגערונען אַ טראָפּן נאָך אַ טראָפּן,
געפֿיבערט אויפֿן טויטן־בעט מיט זילבערדיקע שאַרבנס,
האָבן זיי מיטן מלאך־המות ביים צוקאָפּנס
מיט העפֿטיקייט אומעכטיקער זיך געווערט;
אַז זיי האָבן דאָס געוויין פֿון קינדער אין דער שטוב דערהערט,
זיי האָבן זיך געוואָרפֿן און נישט געקאָנט אָפּשטאַרבן,
ביז מען האָט זיי נישט געלאָזט אַליין.
איצט קומען זיי צו מיר — יונג און אַלט, און גרויס און קליין,
מיין נאָענטקייט לאָזט זיי נישט אַנטשלאָפֿן ווערן,
און שווער איז זיי צו שטאַרבן, ווען מיין שטיל געוויין זיי הערן.

## מיין פֿאָטער דער צוקערלעך־מאַכער

מיין טאַטע האָט געאַרבעט ביי לעקעכלעך און לאַנדרין
און איז געווען אַ פֿאָטער פֿון פֿינף הונגעריקע זין.

ביז די מאַמע האָט איינגעשאַפֿט אַ טיטל צוקער אָנצוקאָכן,
זענען די אַפּלען איר פֿון די אויגן צען מאָל אַרויסגעקראָכן.

ביז מען האָט צונויפֿגענומען דאָס ביסל זיסע מאַטעריאַל,
איבערגעגאַנגען איז אונדז טויזנט מאָל די גאַל.

דער טאַטע האָט אויף הגאות געמאַכט שעפּסעלעך און ציגעלעך,
וואָס זענען אַוועק גאָך ראָזשינקעס מיט מאַנדלען פֿון זיינע קינדערס
וויגעלעך.

די שלאָפֿבאַנק האָט געקלעפּט מיט דער זיסקייט פֿון לאַנדרינען,
און זומער־צייט פֿון בינשטאָקן פֿריצישע אַהערגעלאָקט די בינען.

אין יעדן ליכטיקן פֿרימאָרגן זיי זענען אָנגעקומען
און אָנגעזויגן זיך מיט בלוט, ווי מיט נעקטאַרן פֿון בלומען.

מיר האָבן אין דער פֿרי זיך אויפֿגעכאַפּט צעשטאָכן און צעביסן,
נאָר אונדזער פֿריץ האָט געהאַט האָניק פֿרישן זיסן.

דער רויטער האָניק האָט געשמעקט אים מעמדיק און וווּל,
נאָר איך האָב יעדן טאָג זיך אויפֿגעכאַפּט מיט ביטערניש אין מויל.

## אפגענארטע לערן-יינגלעך

מיין ברודערל גדליה, דאס שניידער־יינגל פון בושעשין,
האלט אלץ נאך ביים פארענדיקן די לאך ביי אימשעס בייקעס, –
דער עול יאגט אים, ווען ער לויפט נאך א בושעג פון וואטאלין,
און יעדעס בלעטל פון דער מאמעס סידור מיט טרערן דורכגעווייקט איז.

א בעקער־יינגל, וועמענס נאמען כ׳האב שוין לאנג פארגעסן,
אין לבנה־ליכט פארמעליקטן ער צאפלט דורך זיך שטיל.
בקרוב ענדיקט זיך דער זמן פארן בלויזן ביכל עסן,
ער לויפט צום שכנותדיקן בעקער נאך א זעקעלע מיט שוויל. *

זיי פלאטערן אהער, און איך שריי זיי נאך: וווהין?
זיי איילן שנעל אוועק און האבן זייער נישט קיין צייט:
א מאקערל לויפט נאך א פלאפטערל צו דער מאשין,
א שטעכטערל — נאך א קאנטן־זעצער צו דעם פאלשעגייט.

זיי לויפן, דער טויט האט זייער בלייכקייט נאכנישט אויסגעראטן,
זיי קוקן נאך מיט קנאה צו דערוואקסענע געזעלן,
זיי בענקען נאך די נייטאריטס און זילבערנע טריקאטן,
די מאמעס ווארטן נאך אויף זיי אויף נידעריקע שוועלן.

---

* שוויל הייסט אין בעקער-פאך דער ברייטער בלאט אויפן ברויט. די בעקער-גע-זעלן פלעגן די 12- 13-יאריקע נאאיווע לערן-יינגלעך שיקן ביינאכט אין צווייטן עק שטאט מיט זעקלעך צו די געזעלן אין די בעקערייען נאך שוויל. יענע פלעגן אנשיטן די זעקלעך מיט ציגל און אש, און די יינגלעך פלעגן אויסגעמאטערטע דאס ברענגען צו זייערע „פרינציפאלן".

# אויף נע־ווענד

נישט אַרויסגעוואַקסן פֿון קינדער־לייבעלע, אַ קינד נאָך במעט
כ'בין פֿון דער היים אַוועק אויף נע־ווענד.
די מאַמע, די אָרעמע פֿון דער גאַנצער רייכער משפּחה,
האָט אויפֿן וועג מיר מיטגעגעבן אַ שטיקל טרוקן ברויט און אַ טרערנדיקע ברכה.

— למען־השם, — מיר אָנגעזאָגט, — פֿאַרליר נישט דעם בטחון. און נישט פֿאַרגעס
מיין שוועסטערס, די מומע האַדעסלס אַדרעס;
זי באַהאַנדלט גוט די „מענטשן”, די שפּולער און די שפּינער —
די וועכט ביי איר אַ תּכלית און אַ היים געפֿינען.

די מומע האָט מיך באַגריסט מיט עכטער מוטערלעכער פֿרייד,
און אין ווינקל פֿון דער קיך מיר דערלאַנגט די ערשטע מאָלצייט.
— אַ בחורל, אָן עין־הרע, כ'וואָלט אין גאַס אַסור דיך דערקענט.
ווי לאַנג, הוכט זיך נעכטן, כ'האָב דיך געטראָגן אויף די הענט.

אַ מאַמע, מ'שטיינס געזאָגט, ווי לאָזט מען דאָס אַ קינד אַוועק אויף גאָטס באַראָט?
ווען דו ווייסט סאַראַ „היצלעס” ס'וויגען אין דער גרויסער, פֿרעמדער שטאָט,
סאַראַ פּאַסקודנע ברואים, כ'זאָל נישט זינדיקן פֿאַרן האַר אַלמעכטיקן -
און וווּ וועסטו שוין היינט די ערשטע נאַכט איבערנעכטיקן?

איך האָב פֿון אָרט זיך אַ ריס געטאָן מיט ברענענדיקן טעם אין קעל,
און ווי אַ מיאוסקייט דעם אַדרעס צעטראָטן אויפֿן שוועל.
איר שפּראַך אַרום מיין האַלדז האָט זיך געוויקלט ווי אַ שלאַנג,
געוואָרגן מיך אַ גאַנצע נאַכט אויף דער פֿייכטער גאָרטן־באַנק.

## מיין וויידע

מיין זיידנס קאפ האט צווישן וואלקנדלעך געשוועבט,
ער איז געווען אן ארעמאן, א דעמבענער, א יוסטער.
קיין שום דאגות האבן זיך נישט צוגעקלעפט
צו שלמה-יצחקן, דעם אלטן, הלצהדיקן שוסטער.

די נויט האט פאר גריזאטע דאס הויזגעזינד געשטיקט,
צעריסן די מלבושים, און ס׳געפעס — מיט ברוד פארגאסן.
דער אלטער האט אויף איר אפילו זיך נישט אומגעקוקט.
און דאס האט זי באליידיקט און פארדראסן.

ווי קומט אויף אט דעם באדן אזא קוואלעוודיקע פלאנץ,
מיט ברוינער בארד אין א צעפארן סאמעטן קאשקעטל?
איין ווינטער האט ער — א יא— צי נישט-געבעטענער — געטאנצט
אויף פינף און צוואנציק חתונות אין אונדזער שטעטל.

אין גרעסטער ענגשאפט איז גענוג געווען א זונען-צערטל,
א „גוטמארגן" פון א פויער פונעם שכנותדיקן דארף.
ארויסגעלויכטן האט פון אים דער שפאס און דאס גלייכווערטל,
ווי ס׳ווינקענדיקע רויט פון צווישן שווארץ-רויכערדיקן טארף.

דער אלטער שוסטער האט ארויסגעקאלערט זיך פון נויט,
ווי פון די בלאטעס — שווערע, זינקענדיקע רערער.
געווינצלט האט ער זיך, ווען פון אים די לעצטע הויט
האט אפגעשונדן דאס שווינדל-סוחרל פון לעדער.

# א ליד פון אַמאָל

וואָס איז געווען מיט מיר הער מער?
גענוג געווען איז איין פונק פון מיין טרער,
אַז מיין פינצטערניש אין מיר
זאָל זיך מיטן בלוי פון הרויסן פאַרבינדן
און מיך אַנצינדן,
ווי סאַזשע, וואָס האָט זיך פונדאַסניי צעברענט.
איך בין שטיינגעבליבן, ווי אַ פייערלעשער,
וואָס אַ שרפה האָט ארומגענומען זיין אַבסערוויר־טורעם.
די פיין האָט ארויסגעשיינט צו מיר
פון אַלע פינקלדיקע מעשן.
איך בין געווען אַליאַרמירט,
נאָר נישט אימשטאַנד — די שרפה איינצולעשן.

# אַ באַצוווּנגענער

און איך האָב פאַרווּסט מײַנע יונגע יאָר
מיטן יאוּשׂ אומעטיקן ניגון,
אַז בלויז דאָס אומגליק איז די וואָר.
און אַלע פרייַדן זענען אַ ליגן.

און איך האָב די אַלע אומהיימלעכע זייטנער
מיט מײַן יונגן פאַרטרייען באַלײַנט.
זיי האָבן מיך, ווי אַ חיהלע, באַצוווּנגען
און מיך צו זייער שטייג צוגעוווינט.

נאָך הײַנט, ווען כ'בין פון דער נעץ שוין אַנטרונען,
און יעדער טאָג קומט מיר אַנטקעגן אַ נאָענטער,
איז מיר נאָך אַלץ אײַנגעבליבן די שׂנאה
צו יענע, וואָס האָבן אַמאָל מיך פאַרפּלאָנטערט.

## די נעסט פון די געזאַנגען

פענצטער־פליגל אין פרימאָרגן־שעה
פלאַטערן אַרויס פון ווייסע ראַמען,
אַזוי אויך דורכזיכטיק און בלאָ
פלאַטערן די זינגענדיקע גראַמען.

פון די פענצטער־פליגל גיכער —
פלאַטערן די פייגעלעך פון נעסטן,
ציטערן די פליגל דרייסט אַזוי און זיכער,
ווי דער פאָנען־פלאַטער פון די שטאַנגען.
זיכער זיין עס דאַרף די האַנט,
וואָס האַלט די פאָן;
דרייסט דאַרף זיין דאָס האַרץ —
די נעסט פון זינגענדיקן טאָן.

# הלוואי

הלוואי וואָלט איך דעם אומרו פאַרמאָגט
פון טראָפּנדל טוי אויף אַ בלימל פאַרטאָג.
איר זון איז פון איר גרעסער צענדליקער מאָל.
און ברעכט אַרויס זיך פון איר,
ווי אַ הינדל פון שאָל.
אָפּגעבריט פון דער אייגענער זון,
פאַרשיכורט פון דופט —
עס הייבט פון קווייט זיך אַרויס,
און פאַרווייט אין דער לופט
אין שטומען, אַנרוישיקן ווי,
כדי ווידער צו קומען
אינדערפרי פונדאָסניי,
ווידער צו לייכטן מיט אַ זון־יאָדער הייסן
און זיך ווידער אָפּרייסן.
אַזאַ נישטיק טראָפּנדל טוי —
אין ליכטיק און וויטיקדיק און אומרואיק אַזוי
און וויינט אָן אַ קול,
און ווערט פאַרגאַנצט, און זיך צערייסט
מיליאַרדן מאָל.
אין אַלע צעריסנקייטן —
וויפל טרוים, וויפל פרייד, וויפל פיין גליט אין זיי!
הלוואי וואָלט איך דעם אומרו פאַרמאָגט, הלוואי.

# דאָס פֿידעלע

אין מײַנע טיפֿן רױשן צװײַגן —
װינטיק־אָנגעצונדענע שטורקאַצן;
די אָדערן געשפּאַנט צעפּעסט אױף צו שװײַגן
און צו לױז אױף צו פּלאַצן;
װען איך װער שטום,
װעקט אַ האַנט מיך אומגעריכט.
אַ פֿידעלע בין איך,
אַ פֿידעלע בין איך.

איך װעל זיך ניט באַפֿרײַען שױן אין לעבן
פֿון שרעק־צעפּלאָשעטע סאָלאָװײען,
און װילנדיק, צי נישט װילנדיק —
זײער ניגונה מוז איך איבערגעבן
ציטערדיק און שפּילנדיק.
בין איך דאָס שליחל דעם װאַלדס.
מיט פֿינצטערניש איז מײַן נשמה אײַנגעריסט,
דער פֿידל־בױגן איז אַ חלק אױף מײַן האַלדז.
נישט קײן געזאַנג — בלוט פֿון הארץ זיך גיסט —
באַרג־שטראָמיק, שורעװדיק און גיך. —
אַ פֿידעלע בין איך,
אַ פֿידעלע בין איך.

די מאַפּאָרן האָבן געצימבלט,
און די זעגן האָבן געפֿידלט,
און זינגעװדיק — געריסן האָבן זײ.
אין האַלדז מיך װערגט דעם װאַלדס אַ לידל
און דעם װאַלדס רױשנדיק װײ,
און טריפֿט אָפּ מיטן בלוטיקן מאָרגן־ליכט —
אַ פֿידעלע בין איך,
אַ פֿידעלע בין איך.

אַלע ביימערס גופים
מיר גיבן נישט קיין רו,
זיי שרייען, זיי בעטן און זיי רופן:
— אונדזער פייגלישער געזאַנג בישטו!
די סטרונעס רייסט הער פידל־שפּילער,
דאָס האַרץ מיינס בלייבט צעלעכערט.
און ווען די סטרונעס שפּילן שטילער,
וויינט דאָס האַרץ עררשט העכער.
און דאָס איז מיין לוין און מיין שטראָף —
פון די ביידע בלוטיקט רויט מיין גוף.
און דאָס איז מיין ליכטיקער און פיינלעכער באַרוף:
כ'שענק אָפּ מיין געזאַנג און דאָס געוויין איך לאָז פאַר זיך.
אַ פידעלע בין איך,
אַ פידעלע בין איך.

# אין לעבן פאַרליבטע

מיט קעפּ נישט פאַרהיילטע, מיט גופים געשוואָלענע,
אין אייגענעם בלוט מיר שפּיגלען די פּנימער.
אין לעבן פאַרליבטע, מיט ווילנס מיט שטאָלענע —
אימון קעגן גיפט פונעם שונא זענען מיר.

פון שטראַלן אויפגעציטערטע — לירעס פילסטרוניקע
פון שטורעם־געשרייען פאַרגלושעטע —
מיר גלייבן אין ליבשאַפט דער זוניקער
און אין מענטשלעכער האַרציקייט פשוטער —

געהאַרטעוועט אין בראַנד און יסורים.

די פרייד וועט אַ שפּאַר טאָן ווי מאָרגנרויט קוואַליקער,
פאַר טרוימער און אַקערער פון ערדן די קאָרענע,
פאַר אויסגעהיילטע פון אַלע ביטערנישן גאַליקע.
די ברידער מיר מאָנטערן, די מערדער מיר וואָרענען:

— היט זיך פאַרן קומענדיקן שטורעם !

## לודוויקאַ וואַווזשינסקאַ

האָסט דײַן גליִיק לײַב אין תהום אַרײַנגעשלײַדערט,
אַרויסצוראַטעווען פון האַרטן קינדער פיר.
דער טויט האָט אָנגעצונדן דײַנע קליידער —
און רציחהדיק געוואָרפן זיך אויף דיר.

די ליבשאַפט איז געווען דיר פון לעבן ליבער.
ביסט דו מיט ליפן פיבערדיק־פאַרפרעסט,
מיט זיג דעם קעניגרײַך פון טויט אַריבער,
און ווי אַ טויב פון ברענענדיקער נעסט,

דו האָסט אַוועקגעפלאַטערט פון די שׂרפֿה־פּײַנען
און פאַרנעסטיקט זיך אין קינדערישע גלידער.
פון דער יסורימדיקער מוטער־ליבשאַפט דײַנער,
קלינגען וועלן פוילנס וויג־ און קינדער־לידער.

# די מאָרד־מייסטער פון היינט און די פּראָקוראָרן פון מאָרגן

זיי האָבן שוין פאַרצייכנט אין די געהיים־ביוראָען:
וויפל מענער אומצובערענגען, וויפל פרויען,
וויפל ווייץ צו דערטרינקען אין די ימען,
וויפל קינדער צו דערטרינקען אין די פלאַמען,
וויפל שטעט אונטער חורבות צו באַגראָבן,
וויפל גאַז און טויט־מיקראָבן.
און צו דער פולער וואָג פון פּיין און וויי —
אויף דער שאָל נאָך אַרויפגעוואָרפן לעבנס צוויי.

ערגעץ נעמט אַ מאַמע איר קינד אַרום און קושט עס צאַרט,
נאָר די טויטן־שטול אין וויסטן שטומען הונגער וואַרט.
אַ, מאַמעס פון סאַן־פּאַולאָ, ניו־יאָרק און פלאָרידע, —
ווען איר נישט אויפהייבן, ווי שטיינער, אייער ווייטיק און מרידה?
מאַמעס פון דעטראָיט, קאַלאָראַדאָ און אָקלאַהאָמאַ, —
ווען איר שווייגן ביים שייטערהויפן פון אַ מאַמען?
מיט אייער האַס און צאָרן קומט גיכער, גיכער —
אייערע קינדער אין די וויגן זענען מיט אייך נישט זיכער:
נאָך די הענט נישט אויסגעטריקנט פונעם בלוט פון נעגער —
זיי רייסן מאַמעס אַפּ פון קינדער־געלעגער;
כדי אייערע פנימער זאָלן אויך ווערן שוואַרץ פון פּיין און וויי, —
וועלן זיי אייך משפּטן מיט לינטש־מאָרד פונקט ווי זיי.

דו, קליינער מיכאל, האָסט געחלומט זיין אַן אַדוואָקאַט,
דיין טאַטע־מאַמעס אומשולד צו פאַרטיידיקן,
האָט זיי אויפגעפרעסן דער מצורעדיקער קאַט,
כדי דיך מיט דיין ברודערל דעם קליינעם צו באַליידיקן.
פרייטיק פאַרנאַכט, פאַרן אָנצינדן די שבת־ליכטער
אין טויטן־צעל, איז דער תלין און דער ריכטער
מיט שטריק אין הענט און אין שוואַרצע טאָגעס אָנגעקומען
און זייערע לייכטנדיקע הערצער צוגענומען.
אויסגעלאָשן האָבן זיי דאָס ליכט פון אייערע עלטערנס געזיכטער,
אַז מיר זאָלן אין דער פינצטער די תלינים נישט דערקענען.

אָ, מאַמעס צערטלעכע פון קליוולאַנד, קענזאַס, און אַלאַבאַמאַ!
אַז דער סינג־סינג וועט ווערן פאַרברענט פון אייערע ליבשאַפט און ווײ־
טיק־פלאַמען,
אויסהאָדעווען וועט איר קינדער מיט הערצער וואַכנדיקע — אַ לייכטנדיקן
דור —
און מיכאל ראָזענבערג וועט זיין צווישן זיי אַ פּראָקוראָר.
אין געריכט דעם העכסטן פון פאַרברידערטע און יומטובדיקע שטאַטן
ער וועט צוריק דאָס ליכט אָנצינדן פון זיין פאַרקווילטער מאַמען און פון
זיין טאַטן.

# דער מאַרש צום שעכט-הויז

ווהין טרייבן קצבימלעך דאָס קיעלע און דאָס ביקל
צווישן תבואה-פעלדער אויפגעבליטע?
קיינער טרייבט זיי נישט, אָן אַ צוים און אָן אַ שטריקל
זיי לויפן צו דער שחיטה.

זוניק איז דער טויטן-וועג און זוניק איז דער פלאַטער פונעם שוועלבעלע.
דאָס האַרץ דאָס קיעשע איז זאָרגלאָז, אַזוי פריי,
איר פאַרדריסט בלויז, וואָס איר ליב געראָטן קעלבעלע
שפּרינגט אָפּ פון איר און פאַרנעמט זיך מיט שקאָצעריי.

נאָר אַ לויב דעם בורא פאַר דעם ליבן הונטס פאַרשטאַנד:
ער קאָן אויך דעם קעלבלס שטיפערייען נישט פאַרטראָגן,
מיט אַ האַווקע ער דעם קעלבעלע דער מוטערס זאָרג דערמאָנט,
און מיט אַ שוואַכן ביס ער נעמט עס צו דער מוטער אונטעריאָגן.

די קו קאָן זיך פון פרייד נישט העמען און מיט אַ דערשטיקטן „מו"
זי גיט אים אַ לויב איבער אינעם נאָמען פון בהמה-פאָלק,
זי האָט ביז איצט נישט געהאַט קיין געלעגנהייט דערצו:
אָדער זי האָט געגעסן היי אָדער געווען געמאָלקן.

און איצט איז המער-צייט, און אויף דער נשמה אַזוי גרינג,
און זי איז איצטער פריי — גיט זי דעם ליבן דאַנק אים איבער.
— קום אַהער, ליבינקער, כ'וועל דיך באַלעקן מיט דער צינג
פאַר דיין יושר הינטישן און פאַר דיין בילנדיקער ליבע.

— נישט כדאַי, — זאָגט דער הונט, — כ'טו די פליכט פאַר מיין פרנסה-געבער,
און יושר איז אַ האַרץ-זאַך, מע דאַרף עס קיינעם נישט אַנטפּלעקן.
איך טו דאָס פאַר דיין קעלבלס ליבן לונג און לעבערל
און פאַר דעם זיסן בלוט, וואָס כ'וועל פון אייך אין שעכט-הויז לעקן!

## די שוואַלב און די וואָראָנע

סקאַצל קומט! די שוואַלב קומט צו איר נעסט צו פליען.
זי וועט אין נעסט פאַראַיאָריקע שוועלבעלער אויסבריען.
נאָר דערזייל, איז פרילינג — אין דרויסן שנייט,
און דער שוואַרצער וואָראָנע קרענקט עס און דרייט.
זי שפּרינגט אונטער מיט קראַקנדיקער פּאַניק:
— וווּ ביסטו געווען, האַרצעניו, ביים אונטערגאַנג פונעם „טיטאַניק"?
ווייסט דען נישט, אַז ס'איז „יבש" מיטן זומער?
די וועסט פון הונגער דאָ אומקומען,
און די קעלטן נישט פאַרטראָגן,
אַפּיר, אויב איך וועל נאָך דיר קדיש זאָגן!

— אַ שאָד, — זאָגט דאָס שוועלבעלע, — אָפּצוּעסן זיך די גאַל.
אַז איך בין געקומען, איז דאָך שוין פאַרפאַלן.
— ס'איז גאָרנישט — זאָגט די וואָראָנע, — נישט פאַרפאַלן.
ביסט נישט קראַנק און שוואַך
אויסצודרייען דעם דישעל פונוואַן דער רוח האָט דיך געבראַכט.
ביסט מיט דיין פערזאָן מיין פּאַמאַיע־פּוילעניש מבזה,
מיט דיין פאַרשייטקייט די סטראַשעסט אָפּ פון מיר דעם חזיר.
ווי גאָט איז דיר ליב, אַנטלויף פון פראָסט און שנייאיקע געפאַרן.
— פאַר מיר, — זאָגט די שוואַלב, — זאָל דיר דאָס קעפּעלע נישט דאַרן.
היט דיך אויס פאַר ביאַדעס, און מיטן פרעס
קאָנסטו ווערן נאָך דערוואָרגן
און כאַפּן בויך־גרימעניש דערפון —
אויב נישט היינט,
איז זיכער מאָרגן־איבערמאָרגן.
וואָס טוט דען נישט די פרילינגדיקע זון
פאַר יונגע שוואַלבנס וועגן!
דעריבער דאַרפסטו זיך נישט אויפרעגן.
און כאָטש איך פיל דיין גרוישעניש, די פרומע,
נאָר אויב ס'איז איינגעפירט, אַז שוואַלבן זאָלן קומען,
וועלן קיינעמס עצה זיי נישט הערן,
אפילו פון גוט־ווינטשענדיקע חזיר־פּענסיאָנערן.

# דער רויב־פויגל און דער סאָלאָוויי

דער רויב־פויגל איז נאָך זייער יונג
און נישט גרויס,
און פּרווט צום ערשטן מאָל די פליגל אויס.
ביים פאַכען טוען די שליסל־קנעכלעך עטוואָס וויי.
נאָר ס׳קיצלט זיס דער ווינטלדיקער בלאָז,
און די פרייד איז אָן א מאָס.
און מיטאַמאָל —
ער דערהערט א סאָלאָוויי.
און ס׳צעגייט אין אַלע גלידערלעך דאָס ווונדערלעכע קול.
ער פאַרגלאָצט די אויגן טומאַניקע פאַרבענקט:
— ווען איך בין מיט אַזאַ גערגעלע באַשענקט!
דער גליקלעכסטער געווען כ׳וואָלט אויף דער וועלט,
מיר וואָלט שוין גאָרנישט נישט געפעלט.
ער הייבט זיך אויפן פּיסל אָן צו דרייען
און דערזעט א נעסטעלע מיט יונגע סאָלאָווייען,
וואָס יאָמערן אין אַנגסט פאַר דער סכנה.
דער מערדער ציטערט אויף אַזש פאַר רחמנות,
און כדי זיך נישט צו צעוויינען אויפן קול —
ער שטופּט דעם האַלדז זיך אָן און פרעסט זיי אַלע מיטאַמאָל.
און ווען ער פּרווט די שטים אויס נאָכן פרעס,
דערזעט ער, ווי די מוטער פלאַטערט אויף דער וויסטער נעסט.
— אויף וועמען שרייט זי דאָס אַזוי, אויף וועמען? —
צי גרייט זי זיך אויף מיר נקמה נעמען?
— צי ווייסטו, — זאָגט דער רויבער, — אַז נקמה נעמען איז נישט שיין?
— אויף נקמה, — זאָגט די מוטער, — בין איך קענען דיר צו קליין.
— דו רעדסט מיר אַנטקעגן, און דו זאָגסט א ליגן!
דו ביסט א פאַלשע מאַמע,
וואָס האָט די קינדערס טויט פאַרשוויגן
און מאַנט זיך נישט דאָס בלוט פון העגקער.
נאָר דיר וועל איך פונדעסטוועגן דאָס לעבן שענקען,
אויב דו ביסט גרייט צו לערנען מיך דיין ניגון.
— לערנען, — זאָגט דער סאָלאָוויי, — א קינדער־מערדער
דעם סאָלאָווייס א ליד
וואָלט געווען א גרויסע שאַנד,

און אויסער, וואָס איך וויל האָס נישט, —
איז זינגען — אַ געבוירענער טאַלאַנט,
דו מעגסט מיר גלייבן.
— נו, אויב דו ווילסט נישט, —
וועל איך זיך צו דיין פּייפעלע פאַרקלייבן.
— אזוי זשע רעד, — זאָגט די מוטער מיט שוידער, —
דאָס איז דיין מערהערישע שפּראַך.
צו הרגענען — דאָס איז דיין זאַך,
און ס'איז פּאַרפּאַלן.
נאָר רעד כאָטש נישט פון זינגענדיקע אידעאַלן!

# דער פּאַרצעלייענער סערוויז און דאָס פּראָסטע געפּעס

דער יחסנישער סערוויז פון איידעלן און דינעם פּאָרצעליי —
ווי קאָנען די פּראָסטע טעלערלעך און גלעזלעך פאַרגלייכן זיך צו זיי? —
דאָס איידעלע משפּחהלע בלינצלט קאַלט ארויס פון אויסשטעל-פּענצטער;
דאָס ווייסע, הויכע טשייניקל מיטן שוואַנען-העלדזל איז פון אַלע דאָ דאָס
שענסטע.
צו איר וויל-געבוירנקייט קוקט ארויף דאָס געזינדעלע פון פּיליזשאַנקעלעך
און טעפּלעך,
און אלע טראָגן שטערצעלעך, דער יחוס זאָל נישט אויסדאַמפן דורך
די קעפּלעך. —
זיי פאַרגעסן נישט ווער זיי זענען נישט ביי טאָג, נישט ביי נאַכט,
און א כּאָפּטע הינטעלעך, גרייט צו בייסן, שטייען אויף דער וואַך.
די אויסדערוויילטע שפּיגלען זיך איינס אין צווייטן,
און האַלטן זיך פון געפּעס-המון פון ווייטן.
אין מאַגאַזין קומען שמייכלדיקע פרויען. אין זייערע הענט צעקלינגען
זיך די טעפּעלעך, שיסעלעך, די גלעזער, פון פרייד זיי שפּרינגען.
מען פּירט אין היימען זיי אוועק, זיי טאַנצן אויף ווייס-סערווירטע טישן.
מען שיכורט אָן זיי מיט זאַפט, און ליפּן וואַרעמע זיי קושן.
יעדעס געפּעס-שטיק האָט שוין אן אייגן פּולקע-ברעטל,
און אין שוי-פּענצטער בלאָזט זיך אָלץ דאָס איידעלע סערוויז-קאָמפּלעטל.

# קאָלעגעלע ראובן

איך האָב געהאַט אַמאָל אַ שקאַצעוואַטע קאָלעגעלע,
די הענטלעך און די פיסלעך האָבן נישט גערוט קיין רגעלע.
פון די משפחה־לייט האָט ער אין אַ יאָר צוויי צעניפגעקליבן
אַ רובל מיט אַ גילדן מיט גראָשעלעך מיט זיבן.
האָט דאָס ראובעלע אין דערפעלע אין נאָענטן געטאָן אַ לויף,
און ביי אַן אַלטן פויער אַ פריילעכן אַ ציגעלע געקויפט.
דאָס ציגעלע האָט געדאַרפט געבוירן ווערן אין אַ דריי חדשים צייט,
און מיין חבֿרל האָט שוין באַצייטנס דערפאַר אַ ביימשעלע געגרייט.
דאָס בייגעוודיקע קאָזשיצל מיט פייגעלעך און בלימעלעך באַפּוצט,
מיט הערנערלעך צוויי שאַנקענדיקע אויפן סאַמע שפּיץ
און רימענדלעך מיט טרעלדעלעך פּשוט אַן אַנטיק,
אַז האָט קליינע ציגעלע זאָל זיין גליקלעך און אַנטציקט.
פרעגט אים דאָס שכנדל — דאָס פויערים־יינגל סטאַך:
— פאַר וועמענסוועגן גרייטסטו דאָס די צאַצקעדיקע זאַך?
— נישט צו שלאָגן, אסור מיר, זאָל הערן מיר דאָס הענטעלע,
צום געבוירן־טאָג פון ציגעלע אַ טייער ליב פּרעזענטעלע.
אַלע ציגעלעך די שטאָטישע וועלן עס זיין מקנא,
און אַלע הינט און לאָשעקעס, וואָס זענען אין שטאָט פאַראַנען.
זאָגט דאָס פויערים־יינגל מיט שטיל־געהעמטן צאָרן:
— דאָס ציגעלע איז אפילו נאָך געבוירן נישט געוואָרן,
און דו, דו לאָבוזל, דו נאַר,
גרייטסטו שוין אַ ביימשעלע דערפאַר?
— מיינסטו כ׳וועל שלאָגן? — זאָג דאָס פריילעכע פּאַצעטעלע,
אַזוי זיך פון יוצא וועגן פון ליבשאַפט בלויז אַ גלעטעלע,
ס׳וועט רופן „מע״, איז נאַ דיר שפּיוז־מתנהלעך —
אָט די פייגלדיקע פרענדזעלעך די באַטעמטע מאַקאַראָנעלעך.
וועט עס חשק האָבן לויפן אויפן הינטערשטעטלדיקן גראָז,
וועט דאָס „לאָקשעלע״ דערמאָנען נישט אַרויסצוגיין לתרבות רעה.
דאָס פויערים־יינגל קראַצט זיך: איי, דו קליינער ראובן,

אנו, לאָמיך אויף דייַנע פֿליִיצעלעך די מאַקאַראָנעלעך אויספּרוּוון.
וואָלסט כ'לעבן בעסער צוגעגרייט א לאָנקעלע, א שטיקל פעלד.
— אַ שטיקל פעלד? און געלט איז א הונט? האַ, ווו נעמט מען געלט?
— וואָלסט כ'לעבן בעסער צוגעגרייט אָנשטאָט „לאָקשן" פאַרן פעלעכל
א ביסל קאָניטשינע, א ביסל היי, א געמיטלעך וואַרעם שטעלעכל.
— א שטאַל? דאָס שמעקט מיט ריבלעס דריי און דרייסיק,
און גלאַט אזוי — חאָס איז דאָך נישט דיין עסק.
און ווי קיינמאָל גאָרנישט, מיט ייִנגלערישע היץ,
אויפן שייִנעם ביימשעלע זיך בלימעלעך געשניצט.

# דאָס בלימעלע און דער טראָפּן רעגן

צווישן שטיינער דאָס בלימעלע פאַרצערט
האָט אין דורשט נאָך קוואַליקייט געבענקט.
האָט דאָס כמאַרע־ווינטעלע דערהערט
און א רעגן־טראָפּן עס געשענקט.

נאָר דער טראָפּן האָט געטאָן א פאַל
אויפן בלעטלס דינעם ראַנד דעם שאַרפן —
אַזאַ ליכטיק טראָפּנחל — אַ שטראַל.
האָט דאָס בלימעלע זיך אַזש גענומען וואַרפן.

דער רעגן־טראָפּן, און אויפגעקאָכטער, ציטערט
און ברעכט אויס מיט שטוינונג א צעשריגענער:
— געדענק! איך וועל אראָפּפאַלן פון דיין ציטער —
די פלאַטער־קעפּל, די פאַרביקע, משוגענע.

דאָס בלימעלע מיט צאַרטע בלעטעלעך פון זייד
ענטפערט פון באַגייסטערונג א פאַרטרערטע:
— דאָס ציטערט דאָך אין מיר די פרייד, —
מיין ליכטיקער אויסגעחלומטער באַשערטער.

## צווייַ בלעטעלעך

בייגט זיך דאָס גריטע בלעטעלע אַריבער
צום בלעטעלע אָנגעקליידט אין גאָלד:
— איך בין דיך מקנא, שוועסטערל מייַן ליבע,
זוניק זייַן, ווי דו, כ׳וואָלט זייער שטאַרק געוואָלט.
— איז דיר מיאוס, נאַרעלע, די לעבעדיקע פאַרב
פון דייַן זייַדענער פרילינגדיקער פעלערינע?
דו ביסט מקנא מיך הערומיט, וואָס כ׳שטאַרב?
און קאָנסט דאָס גרויסע „גליק״ מיר נישט פאַרגינען?
דאָס זונען־גאָלד קומט פון עקעלע, וואָס טריקנט,
און נישט פון פרילינג־זון אויף זיך צו פרייען.
נישט לאַנג, און ס׳וועט דער האַרבסט־ווינט מיך אָפּפליקן
און פראַווען מיר אַ היימלעכע לוויה.
— טאָ וואָס זשע איז דאָס טאַנצן און דאָס פלאַטערן?
— נישט פון פרייד, שוועסטער, — פון שרעק,
די האַרבסט־ווינטן מאַטערן
און פליקן מיך פון צווייג אַוועק.
איך ציטער — ס׳זאָל הער ווינט מייַן שוידער נישט דערהערן.
איך ציטער — כ׳זאָל נישט אויסגעפליקט און פאַרשליידערט ווערן.

# דער שטעכל־קוסט און די רויטע מאַלינעס

דער שטעכל־קוסט איז פעסט געבויט,
פאַרשטעלט מיט האַרטע בלעטער גרינע
דאָס שטענגעלע פון די מאַלינעס.
זאָגט דער פלאַנץ, דער שטעכעדיקער
צום צאַרטן שטענגעלע דעם רויטן:
— איך האָב אויף זיך א האַרטע הויט,
און וואָס איז דען דיין צאַרטער רויט
אנטקעגן מיין פאַרניכטנדיקער שנאה?
איך בין דאָך קענען דיר א ריז —
איין קוועטש — און ס'גאַנצע בלוט דייגס איך פאַרגיס.
איך בין דאָך קענען דיר א יונג א ברען,
א פעסטגעבויטער, א געזעצטער!
— מען וועט שוין זען, — רופט אָן זיך די מאַלינע, —
ווער לאַכן ס'וועט דער לעצטער:
די רויטע פרוכט אָדער די גרינע שנאה.
אויף זייער שמועס — עס הערן זיך דעם גערטנערס טריט.
האַסטיק גיט ער מיטן סעקאַטאָר א שניט
דעם גיפטיקן און שעדלעך־בייזן ברייער,
כדי דאָס רויטע שטענגעלע זאָל בליען.

# דער האָן אין שוי־פֿענצטער

אויסגעצירט ס׳געוועלב און מיט געשאָכטענעם געפֿליגל,
פּאַרקנסטע צו די זשאַווערדיקע האַקנס.
דער קצב זיך און זיינע אונטערטאַנער שפּיגלט,
און ס׳ברענט פֿון שׂמחה דער בלאָ־גלאַנצנדיקער נאַקן.
אצינד — אין קליניקייט בלויז פֿעלט:
קונימלעך מיט געלט!
דאָ טוט א שפּרונג אין שויפֿענצטער דער האָן,
א באַגייסטערטער און פֿול מיט פֿרייד,
און קריִיט:
— קוקעריקו!
א גוט־מאָרגן אייך, מיינע ליבע קויפֿערלעך!
קומט אהער נאָך געשמאַקע עופֿהלעך.
זיי האָבן, נעבעך, נישט קיין רו;
גיט זיי אין די בראָט־פֿענדלעך א תּיקון,
זיי חלשן, איר זאָלט זיי טרייבערן און פֿליקן,
און זיי האַקן אויף קאָטלעטן.
דעריבער — קומט און לאָזט אייך לאַנג נישט בעטן.
אַלע מעלות וועלן דורך מיין „קראָפּ" אַרויסגעשריגן.
הערט זיך צו צו מיין העקלאַמעדיקן ניגון,
אז כ׳בין דער גרעסטער זינגער צווישן אַלע הענדלעך —
דאָס איז דאָך זעלבסטפֿאַרשטענדלעך;
פֿון לידל מיינעם קוועלט דאָך און דער סאַמע באַלעבאָס.
און אָט לויפֿט צו א קונהטע
און טוט אים אין די פֿעדערלעך א בלאָז,
און לעקט אַרום די ליפּעלעך די סלינע.
— אפֿנים איר געפֿעלט מיין זיסער קול־נגינה?
— ס׳אַ פֿראַגע!
דיין געזאַנג? אויכעט מיר א וואַזשנע האגה!
מער פֿון אַלץ
געפֿעלט מיר דיין גאָלד־העמדעלע פֿון שמאַלץ,
און דאָס פֿריש־צאַפּלדיקע פֿליישל.
זי טוט א כאַפּ דעם אייפֿעריקן, ריטשעוועדיקן קנעכט,
און מיט א מעסערל דער קצב, טוט אים אָפּ זיין רעכט,
און שלייערט אים אריין אין קונהס קיישל.

# דער הירש און דער יאַגד־הונט

דער יעגער־הונט טענצלט ארום זיין האַר
מיט אן עק א דרייעטדיקן און מיט אַ בילעריי,
אין געשפּאַנטע האַלב־קרייזן ער איילט צו די וואלד־באַוווינער,
אינגאַנצן איין קלומפּ צעיושעטער פארלאַנג,
צו פאָלגן זיין באַפעלער מיטן רויטן קאַרק א גאַנג,
אליין א קינד פון וואלד — דעם וואלדס פארעטער אין א שונא.

די טראָפּנס טוי אויף ביימער —
אויגן אין שפּיזלדיקן גליען;
אויף די הערנער־צווייגן פונעם הירש
פרילינגדיקע טויט־סכנות בליען,
— די הערנערדיקע אָפּצווייג־קנופּן —
קנאָספּעלעך געעפנטע מיט אימה
פונעם טויטס בילנדיקן אָנקום. —
בלויז א וואַלד־חיה באַווייזן קאָן דאָס וווּנדער
צו צעברעכן אויף מיליאָנישע חלקים,
ווי שערבעלעך, די לעצטע טויט־סעקונדע.

דער וואלד פארכליניעט זיך
פונעם דראָענדיקן שאַל פון האָרן,
די בלימעלעך דופטן אויס פון זיך
דעם ריח פון בלוט אויסגעגאָסענעם.
דער פרייער וואַלד ווערט פון הינטישן געביל,
ווי אין זשאַווערדיקע קייטן־רינגען, —
א פארקלאַמערטער, פאַרשלאָסענער.

## דער קאַרטאָפל־פלאַנץ

די מילדע מאַמע ערד,
זי געבוירט קינדער,
זי כאָוועט און דערנערט,
און אויב אויף איר וואַקסן אויס שטעכיקע קראָפּיווען,
וואָס ברענגען די פלאַנצן פּיין און ווייטיקן,
איז האָס שוין אונדזער חוב
אויסצופּליקן און באַזייטיקן.
איז זיך געוואָקסן א קאַרטאָפל־פלאַנץ,
מיט א קרוינעלע פון בליעכץ.
ארום איר האָט רויבעריש ארומגעטאַנצט
א קלימפּ פון שטעכעדיקן בריעכץ.
זוינט דאָס בליענדיקע געוויקס
פאַראומערט און צעבראָכן:
— פאַר וועלכער זינד קומט דאָס מיר,
מיין חשובער, געשעצטער שכן?
דו שרפּהסט און דו שטיקסט.
— פאַרמאַך דאָס מיילעכל, פאַרשייטע, דו גאַטלאָזע! —
זאָגט בייז די קראָפּיווע. —
אזוי צו רעדן איז א העזה,
איך בין האָך דער ערהם איידלסטע געוויקס.
נאָר כ'האָב דיך ליב, טראָץ דיינע באַליידיקנדיקע רייד,
דיין באַריר פאַרשאַפט מיר אויסטערלישע פרייד.
— און איך, — זאָגט דער קאַרטאָפל־שפּראָץ, —
נישט ווערהט די ליבשאַפט איז מיין ווייניקייט.
געפין דיר א ליובאָווניצע צווישן ס'דייניקע,
און איך בין מיט דיר פלירטעווען נישט אויפגעלייגט.
— שווייג!
די השגחה האָט דיך פאַר מיר באַשערט.
דו באַגייסט זיך מיט מיר מיאוס און שענדלעך.
ביסטו דען צו מיר נישט ענלעך?
מיט דער פאַרב און מיטן חנעוודיקן בייג.
דו זייגסט זאַפט פון דער ערד
(כאָטש איך צווייפל, צי דו ביסט עס ווערהט),
און איך פון דיר זייג.

איז וואָס זשע דאָ דער אונטערשיד?
— מוחל, — זאָגט די קאַרטאָפֿל־פֿלאַנץ:
איך וואָלט זיך גרייַלעך אָפּגעזאָגט פֿון דער ליבע פֿון אַ פּאַראַזיט.
— אויב אַזוי, — זאָגט בייז דער ברענענדיקער קוסט דער קלײנער —
וועסטו דו שוין ביי מיר וויינען
אויף דיין שטיל און אויסגעלאָסן קול.
נישט וויינען, נאָר טאַקע קלאָגן —
איך וועל דיך איינמאָל פֿאַר אַלעמאָל
ביזן לעצטן טראָפּן זאַפֿט אויסנאָגן.
און מ'וועט זען, צי ס'וועט העלפֿן דיר דיין הילפֿלאָז געשריי.
און דאָ גייט פּונקט דער פֿויער פֿאַרביי.
ער הערט דעם ווילדגראָז „ליבע־איינגעשפּאַרטקייט“,
ער טוט אַ גלעט דאָס מיט דעם סערפּס לייכטנדיקער צאַרטקייט:
און דעם קאַרטאָפֿל־פֿלאַנץ ווייטיק צו פֿאַרשפּאָרן,
שיקט ער דעם פּאַראַזיט צו אַלדע שוואַרצע יאָרן.

# אַן איינלאַדונג אויף אַ חתונה

דער וואָלף ציט דעם האָז אַריין צו זיך אין דער נאָרע
און פאַרקלעמט חעם וויידל אים אין די שאַרפע ציין.
ער קרייזט אין לויפט מיט אים אַרום, ווי מיט אַ כפּרה,
און הייסט אים אין אַ וויכטיקער שליחות גיין:

— זעסט, הינטערן וואַלד דאָרט די גרינע לאָנקע? —
די פּאָדלער יונגאַטש, אויסגעלאַסענער!
ווער תיכף אַ האָז צו יענער שיינער פּאַנפּאַראָנקע
און פאַרבעט זי אויף מיין טאָכטערס חתונה.

— צום באַפעל! — שרייט דער האָז מיט דינסטגרייטקייט און שרעק —
איך בין גליקלעך פון דיין צוטרוי, וואָלף געטרייער.
איך לויף, איך פלי, נאָר באַפריי, געפעליקס, מיר דעם עק;
דער ווייטיק ברענט מיך, ווי אַ פייער.

ער לויפט, דער קליינער קוריער און ער סאַפּעט.
דער עק — אַ צעריסענע, שמאַטעדיקע ווונד.
דער וואָלף טוט ליב אַ גלעט אים מיט דער לאַפּע
איבער די ריפּן צום לעצטן זיי־געזונט.

דאָס משולחל טוט אין די פּאָדער־לאַפּקעלעך אַ נעם
דאָס הערצל, ווי אַ האָזן־ניסעלע די גרוים.
לויפנדיק — דעם שטח הינטער זיך עס פאַרברענט,
און פאַלט פאַרחלשט אוועק צו דעם ציגעלעס שוים.

דאָס בהמהלע באַטראַכט אים מיט מיטלייטנדיקע אויגן:
זאָל זי איבערדרייסן אָדער אָכלען ווייטער?
דאָס טעכטערל, וואָס האַלט גראָד אינמיטן זייגן,
לאָזט אַרויס פון פּיסקעלע דעם אייטער.

— אַ גאָט־העלף דיר, גוטע מאַמע ציגעלע!
דיין בליק דערוואַרעמט מיך, ווי פרימאָרגן־שטראַלן.
נאָר וויסן זיי: דיין פּאַסטעשקע גרייט פאַר דיר אַ שלאָס און ריגעלע,
אַ האיה — אין גאַנג צו דיר איז איר ברודער מיך באַפאַלן,

און איבערגעציילט די זשעברעס מיר, די קנאָכן...
דו זעסט דאָס פּיפּעלע צווישן אירע דינע פינגער? —
דאָס האָט זי, די גזלנטע, אַ צווייג אין וואַלד אָפּגעבראָכן.
איצט וויינט דאָס פייגעלע, ווייל ס'האָט נישט װו צו זינגען.

— גאָר פאַרגעסן: הער וואָלף, דער מבנים־אורח און גביר,
טוט מיט טויזנט שבועות דיך באַשווערן.
ער האָט מיך עקסטראַ אַראָפּגעשיקט צו דיר,
אז דו זאָלסט זיין טאָכטערס חתונה מיטן דיין אָנוועזנהייט באַערן.

מאָל דיר אָפּ די אַכטונג צו דיין אידעלער פּערזאָן,
וואָס דאָס וועלפן־פאָלק צאָלט מיטן העכסטן פּרייז:
זייערע מיילער דירן דאָך קיין גרעזעלע נישט אָן,
אז דיר זאָל נישט געפעלט זיין דיין גאָט־באַשערטע שפּייז.

איך טו דאָס מיניקע, און יעדער טוט, ווי ער פאַרשטייט,
נאָר דיין אָפּזאָג וואָלט זיי שטאַרק פאַרדראָסן.
נישט יעדן טאָג מאַכט זיך אזא גאָלדענע געלעגנהייט.
און בושה: ווייסטו דאָך — וואָלסט זיי דאָס בלוט פאַרגאָסן.

מיין עצה: די גוטע פריינדשאַפט נישט צו שעדיקן...
יאָ, דאַכט זיך, כ'בין צו לאַנג שוין דאָ פאַרזעסן.
כ'האָב נאָך וואַזשנע זאַכן צו דערליידיקן;
כ'מוז לויפן נאָך אויף טויזנטער אדרעסן.

די ציג הערט אויף מעלה־גרהן און כאַפּט אַ ישוב:
— יאָ, אָדער נישט לאָזן זיך אין וועג אַריין.
נאָר דאָס קליינע טעכטערל איז פאַרכישופט;
זי איז די אותו חנע גרייט מיטן האָז צו גיין.

— וואָלט איך, מאַמעניו, זען געוואָלט די וואַלד־פאַרווילונג!
דאָס לעבן דאָ איז נחדינע אזוי און איינטאָניק.
— איך ווייס — זאָגט דער האָז — ווי שווער ס'איז פון אַ קינד זיך
אָפּצוטיילן,
אָבער דאָרט איז דאָך אַ וועלט פון טאַנץ און שפּיל — עס רינט דאָרט
מילך און האָניק.

דער קוציק האָט אַזוי לאַנג די גערעם אָנגעטרייבערט
מיט ליגנס וועגן גליק, וואָס איז פאַר איר קינד באַשערט,
ביז ער האָט זי סוף־כל־סוף איבערגעדייבערט,
און זי האָט דאָס קינד געזעגנט מיט אַ לעק און מיט אַ טרער.

נאָכן אָפּשייד האָט אַ ברען געטאָן די בענקשאַפט און פאַרדרוס,
נאָר ס'איז שוין שפּעט געווען ועפּעס צו טאָן.
נאָר אָט — מיט אַ טענצל און מיט אַ לעבעדיקן גרוס —
פון וועג דער האַז קומט אָן:

— דיין טאָכטער האָט נישט קיין צייט אויף בריוו צו שרייבן, —
אַזוי פאַרנומען איז זי, און שרעקלעך גליקלעך,
זי האָט באַשלאָסן דאָרט צו פאַרבלייבן;
די קאַוואַלירן צעררייסן פּשוט זי אויף שטיקלעך.

און נאָך אַ וואָסערע! — דאָס שענסטע „פּער" — פּריצים סאַמע,
מיט איר שיינקייט זענען אַלע מיילער דאָרט פאַרנומען;
איין זאַך: זי בענקט שרעקלעך נאָך דער מאַמען,
אָן דיר קאָן איר ווילטאַג דאָרט איר נישט באַקומען.

די אַלטע ציג קאָן פון דער בשורה זיך נישט זעטיקן.
זי טוט אַ שפּרונג, אַז דעם האָז שיר נישט נהרגט;
זי זאָל ביזן זון־פאַרגאַנג, חלילה, נישט פאַרשפּעטיקן.
זי לויפט און איר אַנטקעגן לויפן שפּריצנדיקע פייערווערק —

די ברענענדיקע אויגן פון די וועלף אין וואַלד.
זיי מאַכן אַרום איר הקפות און פאַרשליסן זי אין קרענצל.
דער יונגער חתן־וואָלף זיין פאַרגאַפונג נישט באַהאַלט —
און לאָזט מיט איר זיך אין שיינעם מצווה־טענצל.

ער דערלאַנגט איר מיט די שאַרפע ציין איבערן האַלדז אַ גלעט,
פון תאווהדיקן בלוט־דורשט און אויפגעקאָכטער.
לויט אַלע כללים פון אַלטן מערדערישן עטיקעט —
ער שיקט אָפּ די מוטער דורך זיין פּיסק צו איר געליבטער טאָכטער.

# דער פּרינץ און די בת־מלכּה

איז געווען אַ פּרינצעלע אַ קלײנער.
האָבן אים אַרומגערינגלט וואַכן,
און ווען די בת־מלכּה בלויז פלעגט ווײנען,
דעמאָלט ערשט האָט ער באַוויליקט לאַכן.

האָט ער צווישן וואָך־יום־טובֿ־געגן צעטײלט —
יעדערן אַ קינדזשאַל און אַ פּאַלקע,
אַז זײ זאָלן שלאָגן ביז דעם טויט
די בלײכע אויסגעפּיעשטשעטע בת־מלכּה.

האָבן זײ זי ביז צום טויט געשלאָגן,
און אויף שײנענדיקער גאָלדענער טאַץ
האָבן זײ דאָס בלוט איר צוגעטראָגן
דעם קלײנעם פּרינץ אין זײַן מאַרמאָר־פּאַלאַץ.

האָט ער דאָס בלוט געזויפן און געשיכּורט
איבער אַ טאָג און שפּעטער איבער אַ נאַכט,
ביז ער האָט משוגע־ווילד און גליקלעך
אויף אַלע שפּיגל־זאַלן זיך צעלאַכט.

האָבן זיך דערשראָקן זײַנע וועכטער,
און אין גאַנצן לאַנד געווען איז רויט,
און דער פּרינץ — אינמיטן פון געלעכטער —
האָט פאַרקײַכט זיך ביז צום טויט.

# צוויי צווייגן

עס סודען זיך די צווייגן קנאָכנדיקע צוויי,
און ביידע זענען אָנגעטאָן אין שפּענצערלעך פון שניי.
איין צווייג יאָמערט מיט אָנקלאַנגיקן געוויין:
— דער בייזער פראָסט נעמט הורך מיך ביזן ביין.
— און מיר — עס זאָגט די צווייטע צווייג —
דער פראָסט הייבט גאָרנישט אָן צו אַרן.
איך וואָלט פון זיך דאָס פּעלצל שנייאיק־ווייס
אראָפּגעוואָרפן. ס׳איז מיר הייס.

נאָר שפּעטער, ווען דער פרילינג איז געקומען,
האָט די צווייג צעווייטיקטע באַשאָטן זיך מיט בלומען.
נאָר די צווייג, די צווייטע,
איז געבליבן הוילער נאָך ווי פריער.
— ווינד איז איר און ווי —
אָן בליעכץ און אָן פּעלעכל פון שניי.
זי ברעכט אים אין א געשריי,
אַז ס׳ציטערט איף דער גאַנצער וואַלד:
— ס׳איז מיר קאַלט.
געוואַלד, ס׳איז מיר קאַלט!
ס׳איז ווינטער מיר געווען אזוי ווויל.
— דו ביסט פאַרפּיילט! —
רופט זיך אָפּ די צווייג מיט בלי און אָנגעשיטער. —
איבער דיר געווייז איז ווארעם,
ווען מיר דער פראָסט האָט שאַרף געשניטן,
און קאַלט איז דיר גראָד ווען עס בליען בלומען —
איז דאָס פאַר דיר א טרויעריקער סימן.

# דער גערטנער און די מאַלפּע

ווי באַקאַנט —
בליִען ביימער אונטערן גערטנערס האַנט.
די גאַנצע ליבשאַפט, וואָס ער האָט, —
ער שענקט אַוועק זיין בליִענדיקן סאָד,
ווי א פאָטער אַזוי געטריי.
פון זיין אויג ווערט קיין איין ווילדגראָז,
קיין איין בוים־פּרעסערישע לישיי
נישט אויסגעמיטן:
ער אָפּפערט פאַר זיינע ליבלינגען
דאָס לעבן זיינס דאָס גאַנצע. — —
צום פאַרמערן האָט ער פון העכסטן עפּל־בוים
א צווייג אָראָפּגעשניטן —
דערנעבן צו פאַרפלאַנצן.
דער עפּל־בוים — דער פאָטער —
געוויזן איז דער העכסטער און דער שענסטער.
אין זיין קרוין זיינען געוואַקסן די שענסטע און געזונטסטע עפּל,
זיין מעזינקע איז געווען די צאַרטסטע און די קלענסטע,
א ציטערדיקס, מיט בלעטעלעך אין קעפּל.
דאָס יונגע ביימל וואַקסט קיין עין הרע,
דער מאַטע־בוים איז גרויס,
פון פראָסט און ווינט פאַרשטעלט ער;
דער גערטנער האָדעוועט אים א פּאַדפּאָרע,
דעם הויכן פאָטער אַ נחת אויף דער עלטער,
און בלויז דאָס מאַלפּעלע איז אייפערזיכטיק:
איר פאַרדריסט
די ליבשאַפט צום דינעם דאַרן כניאָקל —
מען דאַרף דאָס שעלמעלע דערמאָנען ווער דאָס איז,
איך צעברעך דאָך דאָס מיטן מינדסטן שאָקל, —
אַזוי ליב צו האָבן א גאַרנישטל א ריטל?

הימל עפן זיך!
כ׳איז צו נישטיק אפילו פאר מיין ביטול,
מיט א פויער קאָן אזוינס נאָר טרעפן זיך.
איך וועל שוין אָנלערנען דאָס קליינע שקאָצל
צו זיין באשיידן, שטיל און ארטיק:
איך וועל צעברעכן דאָס חוצפהדיקע שפראָצל —
און פארטיק.

דער הויכער בוים הערט דעם מאלפישן געשפרעך:
א ווערטעלע, זיין טעכטערל איז א פראָסטע רוט נאָר.
ער פילט באשיינפערלעך, אז ס׳האלט שלעכט,
און ס׳ווערט אים אויפן הארצן קאלעמוטנע.
דאָ איז נישט קיין איינגעניש און קיין גענאָד,
ס׳איז נישט קיין שפילעכל מיט מאלפישע קאפריזן, —
דער גאנצער סאָד קלינגט שוין מיט דעם סוד:
זי האָט מיט יונגע ביימעלעך נישט איינמאָל
אזעלכע משוגעתן שוין באוויזן.
דעם הויכן טאטן נעמט ארום א כעס
צו דעם צעשטערערישן שוטה,
ער האלט אָפּ א קורצן ישוב הדעת
מיט זיינע עפל די הארטלעכע און רויטע.

* * *

א צופרידענע די מאלפע קראצט זיך פון הנאה:
זי ווייסט בקרוב דעם גערטנערס ליבלינג זיין.
ביים ביימעלע צופיכנם זי לענט אָן
דעם עק געקרייזלטן אויף א פלאכן שטיין.

* * *

דער העכסטער עפל א רויטער א צעברענטער
רעדט צום בוים מיט ביטערניש און גאל:

— איך, פּאַטער, הענג וויזאַווי דעם עק,
אין סאַמע צענטער,
דערלויב, איך וועל פאַר דער טרחה איר באַצאָלן.
און ווען אַ הייב געטאָן די פּאָדער־פּיס
האָט דאָס חיהלע בדילי דל —
פּינקט דאַן האָט דער האַרטער עפּל זיך געטאָן
פון צווייג אַ ריס
און מיט דער גאַנצער קראַפט
אויפן עק אַראָפּגעפאַלן.
אַ שפּרונג — און מיט דעם געשוואָלענעם און רויטן עק
די מאַלפּע איז מיט שטוינונג און מיט אימה,
שפּרינגענדיק און טאַנצנדיק, אַוועק,
אַן אָנגעלערנטע, נישט טשעפּען זיך צו יונגע עפּל־ביימער.

# אויפן בוים וואַקסן פּריצים

האָט אַמאָל געבליט אַ בוים צווישן ביימער,
וואָס פּלעגט הערצער דערפרייען;
אויפן בוים זענען געוואַקסן זיסינקע פלוימען
און זינגענדע בלויע סאַלאָווייען.

דער בוים האָט געהערט צו אַ פּריץ אַ בייזן,
אָן האַרץ, אָן געוויסן;
פלעגט זיך ביים בוים אַ קינד נאָר באַווייזן —
האָט ער דאָס געכאַפּט און געשמיסן,

און ביים שלאָגן אַ ווילדער געלאַכט,
און די געשמיסענע געמוזט האָבן שווייגן.
האָט זיך די קינדער געחלומט ביי נאַכט,
אַז קאַנטשיקעס וואַקסן אויף צווייגן.

זענען זיי צום בוים נישט געקומען שוין מער
און מיט שרעק אים געמיטן.
איז דער בוים פון בענקשאַפט געוואָרן
מרוקן און לער —
האָבן די צווייגן געדאַרט, ווי שפּיץ־רוטן.

האָבן די שפּיץ־רוטן — אוים כעס צו זייער האַר —
זיך אויבגעדרייט און דערלאַנגט שמיץ אים;
האָט דער פּריץ געזען אין קאָשמאַר —
אויף זיין בוים וואַקבן פיינטלעכע פּריצים.

האָט דאָס אים געקרענקט און געשטאָכן,
איז ער אַראָפּ פונעם פּנים,
איז ער צו די צווייגן אויף אַ לייטער געקראָכן —
אָפּרעכענען זיך מיט די שונאים.

האָבן די פייגל, צעפּלאַשעטע, צעשרייצטע,
אים אויסצומיידן די פּריצישע שטראָפן —
די פליגל געכאַפּט אויף די פּלייצעס —
און אין געפּילדער אַנטלאָפן.

# די בענקשאַפט פון שטיינער

אין דער שטיין־האַקעריי, אינעם חושך פאַרקלאַמערט,
די שטיינער זיי בענקען נאָך דלאָט און נאָך האַמער.

די פאַרגליווערטע דוממים איז חושך פאַרזונקען,
אויף דערוואַכונג זיי וואַרטן מיט באַהאַלטענע פונקען.

עס בענקען די שטיינער נאָך האַמער און דלאָט,
וואָס זאָלן זיי ברענגען צו בויען א שטאָט.

— זאָל קומען דער האַקער מיט אָטעם מיט הייסן
וועקן די פונקען צו תחית המתים.

מיר בענקען צו טריט און צו מענטשלעכן ניגון,
מיר האָבן גענוג דאָס פאַרגלומטע ליגן.

די שטיינער מיט פונקען פאַרבאָרגענע מאָנען,
זיי בענקען נאָך גאַסן־געדרענג און נאָך פאָנען.

זיי וואַרטן, דער דרייסטער דערלייזער זאָל קומען
און אויפוועקן זיי פון פאַרגליווערטקייט שטומער.

זיי בענקען צום מענטש — צו דעם מעכטיקן גאָט,
מיטן וואַרעמען אָטעם, מיטן האַמער און דלאָט.

# דיאָגענעס און זיין צעבראָכן פעסל

אוודאי איז פון דער זון נישטאָ קיין ליכטיקערס און שענערס,
פון פאַס אַרויס קוקט זיך מיט איר דער פילאָזאָף דיאָגענעס.
נאָר ערגער איז, ווען ווינטן יאָגן אָן די שוואַרצע כמאַרעס
און עסן איין זיך אין די ביינער, אין די ברעטלעך, אין די שפּאַרעס.
די שפּיזלדיקע טראָפּנס רעגן לויפן אָן געדיכט
און דרינגען דורך, און קושן אים דעם גאַנצן קלוגן פּליך.
איז ער דאָך פילאָזאָף — וועט ער דען שרייען, אַז ס'איז קאַלט?
נו, וואַרפט ער זיך אין פיבער, ביז דאָס פעסעלע צעפאַלט.
און אַז ער זעט, אַז עס וועט אים העלפן, ווי א טויטן באַנקעס,
נעמט ער צונויף די בעבעכעס צעפאַרענע און קראַנקע,
טראָגט אַוועק דאָס פעסל דאָס צעניזוקטע צום בעדנער.
דער מייסטער מעסט אים אָפּ מיט אייגלעך — כיטרעטשקע און זשעדנע.
ער קלאַפּט אין טינדל מיט די פיס אַטלעטישע און קרעפּקע,
און שטעלט פּעסט אַ קלייניקייט: אַז אים, דעם אַלטן, פעלט אַ קלעפּקע.

# באַקטעריעס און פעניצילין

קאָן ווער דען שטערן אונדז פרעסן און זויפן?
וועט ווער דען וואַגן דעם וועג אונדז פאַרלויפן?
מיר זשלאָקען די זיסע בלוטן,
געניסן פון אַלעם גוטן —
מיר גאָט־געזאַלבטע פיינע בעריעס,
די הערן־ראַסע פון חשובע באַקטעריעס,
וועט ווערן נאָר צום האַלדז דערגרייכט —
וועט זיין אַ לעבן פראַנק און פריי!
און מיטאַמאָל — ווינד און וויי! —
אין די שנוקעלעך טוט אַ ברי,
אַ פלייצל, ווי אַ נאָדל,
שטעכעוודיק און דין, —
אַ שטראָם פעניצילין.
ברעכט אויס אין דער גיפטיקער משפחה
אַ וויסטע סומאַטאָכע:
— אַ טויט דעם, וואָס זיך באַטייליקט
אין דער פאַרשווערונג אַנטקעגן אונדזער שטאַם,
מענטשן־בלוט איז הייליק —
ווער וואַגט דאָרט אַריינצושפּריצן סם?
מיר וועלן דאָס נישט דולדן מערער,
קיין זכר וועט פון אים נישט בלייבן.
— איר זוכט דעם פאַרשווערער?
ביטע זייער,
מיר ווילן אייך פון מענטשנס לייב פאַרטרייבן —
פון אייער זיסן שפּע־לאַנד —
און פאַרגיפטן אייך פאַרווערן.
מיר זענען די אייליקע קוריערן
פון מענטשלעכן פאַרשטאַנד —
רעדן שטיל די פעניצילין־קרישטאָלן, —
פאַרן גיפט איר מוזט מיט טויט באַצאָלן.

לאָדזש, דעם 1־טן אָקטאָבער 1953.

## אינהאלט:

